ל. מארגנטוי

# בײַ דער אַרבעט קלינגט דאָס ליד

ל י ד ע ר

פאַרלאַג „ידיש בוך"
װאַרשע 1950

# פאַרוואָרט

אין אַמאָליקן פּוילן, פּונקט ווי היינט נאָך אין די בורזשואַזע לענדער, האָבן די פּריצים און גבירים זיך שטענדיק באַמיט נישט בלויז צו פאַרשקלאַפן דעם אַרבעטער דורך שווערער און שלעכט־באַצאָלטער אַרבעט, נאָר אויך צו דערשלאָגן אין אים יעדע האָפענונג אויף בעסערע צייטן, יעדן חלום וועגן א שענער לעבן. אָבער דער אַרבעטער האָט אפילו אין די ערגסטע צייטן פון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אונטערדריקונג די דאָזיקע האָפענונג נישט אויפגעגעבן און אומאויפהערלעך געחלומט וועגן א ליכטיק און זאט לעבן פאר זיך און פאר זיינע קינדער. דער אַרבעטער האָט געפילט, און שפּעטער אויך פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע באַפרייונג קען אים קומען נאָר דורך זיין אַרבעט, אַז די אַרבעט איז די איינציקע קראַפט, וועלכע קען און וועט באַזיגן די פּאַראַזיטן, וואָס ווילן לעבן פון פרעמדער מי. ער האָט דעריבער ליב געהאַט די אַרבעט, נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט אים אין יענער צייט קוים געשפּייזט, און ער האָט זי שטענדיק פאַרבונדן מיט פריידיק געזאַנג און האָפענונגספולן ליד, וואָס האָט די גבירים קיינמאָל קיין רו נישט געגעבן.

די דאָזיקע מאָטיוון ווערן אָפט איבערגעחזרט אין פאָלקס־ליד און אין פאָלקס־מעשהלע. פון זיי האָט דער דיכטער ל. מאַרגנטוי געשעפּט זיך ומעמע וועגן זיין פעטער עליע, וואָס חלומט צו צעפירן שטערן „אויף די מערק און יארידן", כדי ליכטיקער צו מאַכן די, וואָס „בלינד איז נעבעך זייער אויג, טויב איז זייער אויער", ווי אויך צו ברענגען פאר „די קינדערלעך פון בוידעם־שטוב און קעלער" „ברויט מיט האָניק זיסן", „עס זאָלן קינדערלעך פון הונגער מער נישט וויסן". פון זיי האָט ער אויך גענומען זיין טעמע וועגן „דעם שניידער און דעם גביר", וועלכער קאָן נישט פאַרטראָגן דאָס פריידיקע ליד פון אַרבעט, וואָס קומט אויף פון דעם שניידערישן שטיבל. ל. מאַרגנטוי דיכטעט איבער די דאָזיקע פאָלקס־מאָטיוון און א שיינער סטיליזירטער און קינסטלערישער פאָרם, מיט א לייכטער און שפּילעוודיקער שפּראַך, צוהעלפנדיק

דערמיט נאָך בעסער און קלאָרער צו פאַרשטיין, אַז די הייַנטיקע באַפרייטע און פרייִדיקע טעג אין אונדזער פאָלקס־דעמאָקראַטישן פוילן זייַנען נישט אַראָפּגעפאַלן פון הימל, נאָר זייַנען דער המשך און די פאַרווירקלעכונג פון אַ חלום, פאַר וועלכן דער פוילישער אַרבעטס־מענטש האָט געקעמפט אין משך פון גאַנצע דורות פאַרקנעכטונג.

די קינדער־לידער אויף היסטאָרישע (?) מאָטיוון, וועלכע קומען אַרייַן אין דער צווייטער העלפט פון ביכל, שפּיגלען אָפּ צום בולטסטן די דאָזיקע באַפרייטע, פרייִדיקע טעג. אין די דאָזיקע לידער גייט אויף דאָס ווירדיקע און שטאָלצע געפיל פון באַפרייטן מענטשן אין הייַנטיקן פוילן, פון דעם מענטשן, וואָס בויט אַ נייַע און שיינע וועלט פון ערלעכער מי און פרייַנדשאַפט. מיט דעם דאָזיקן שטאָלצן און שעפערישן געפיל ווערט אַלץ מער און מער דורכגעדרונגען דער יונגער דור אין פוילן, און במילא אויך דאָס יידישע קינד און דער יידישער יוגנטלעכער.

ווי ווייט זענען אויס איצט די צייטן, ווען די גוטע פעטער־יעליעס האָבן געמוזט אויסהלומען אַ שטיקל ברויט מיט האָניק, כדי „עס זאָלן קינדערלעך פון הונגער מער נישט וויסן” און ווען די אָרעמע שנייַדער האָבן געמוזט זיך אויסקעמפן די בלוטיגע (?) רעכט אויף אַרבעט. הייַנט איז די אַרבעט אין פוילן אומעטום געאַכטעט און געשעצט, און דער אַרבעטער איז דער באַלעבאָס פון לאַנד. מיט דעם געפיל איז אויך דורכגענומען יעדעס קינד:

„אויפן הויף פון אונדזער שולע
האָבן קינדער הייַנט אַפילו — — —
אַ געזאַנג איז הייַנט פון רידלען,
אַ געזאַנג פון אינדערפרי,
ס'איז אַ יום־טוב הייַנט פון מי”.

און פונקט ווי דער טאַטע זייַנער, דער אַרבעטער, פילט זיך אויך דאָס קינד מעשה־באַלעבאָס — עס פלאַטערט וועגן, בויט די טראַסע וו—זען און גרייט זיך צו ווערן אַ זעלנער פון פרידן.

די דאָזיקע אַלע מאָטיוון זייַנען איבערגעדיכטעט דורך ל. מאָרגנטרוי מיט אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר דער קינדערישער מענטאַליטעט, מיט אַ סך געפיל פאַר פאָלקסטימלעכקייט און אין אַ שיינער שפּילעוודיקער פאָרם, שילדערנדיק אַזוי אַרום פאַרן קינד אויף אַן איבערצייַגנדיקן און דיכטערישן אופן דעם אונטערשיד צווישן דעם טרויעריקן אַרבעטסלאָזן אַמאָל און פרייִדיקן שעפערישן הייַנט.

# מיין פעטער עליע

מיין פעטער עליע איז א ייד
מיט א פערד און וואָגן,
ווען ער פאָרט אויף א יאַריד
שווער איז אים דעריאָגן,
ווייל זיין וואָגן ליידיק איז,
ווי זיין פוסטער מאָגן. . .

ווען ער פאָרט פון א יאַריד
כאַפּט ער זיך א דרימל,
ווערן בונטע פּאַלאַץ־ווענט
זיינע ווענט מיט שימל,
ברענגט ער דאַן די קינדער מיט
דאָס טעלערל פון הימל...

מיין פעטער עליע איז א ייד
מיט א פערד א געלן,
ס׳וואָלט מיין פעטער אויף דער וועלט
כ׳לעבן גאָרנישט פעלן,
ווען דער דלות פון זיין שטוב
זאָל אָפּטראָגן זיך וועלן...

מיין פעטער איז אַ פּראָסטער ייד,
נאָך פּראָסטער ווי איך מאָל אים,
דאָך טוליעט ער אין הארצן טיף
אַ לויטער־ריינעם חלום,
און ריידן רעדט ער אָפטער
מיט רמז און משלים.

דאָס לעבן איז אַ שיינע שפּיל —
זאָגט מיין פעטער עליע —
ס'איז די וועלט אַ פיינער צירק,
אַ וואַזשנע קאַרוזעלע,
נאָר די קלעזמער טויגן נישט...
עס טויג נישט די קאַפּעליע! — —

# מיין פעטער עליע האָט א בוים

מיין פעטער עליע האָט אַ בוים,
ביי זיין קרומען פענצטער,
זאָגט מיין פעטער: סאיז זיין בוים
אויף דער וועלט דער שענסטער!

נישט קיין עפּל וואַקסן דאָרט —
פינקלדיקע שטערן.
שטערן בליען אויפן בוים,
וואַקסן און זיך מערן.

ווען אין סעדער טרייסלט מען
עפּל, ווי די בערן,
רייסט מיין פעטער עליע דאַן
פון די צווייגן שטערן.

זאַמלט פולע קוישן אַן,
שפּאַנט דאָס פערד צופרידן,
און ער פירט די שטערן אום
אויף די מערק, יאַרידן:



„ליבע מענטשן, ביליק קויפט
זעלטענע אנטיקלעך,
ווער פון זייער ליכט געניסט,
דער איז רייך און גליקלעך!"

וואקסט אן עולם אוים ארום
פעטער עליעס וואגן,
יעדער האט אן אנדער וויי
און חוזק־ווארט צו זאגן.

קויפט מען רעטעך און סאלאט,
בוראקעס און מערן,
קויפט מען קרויט און וואס איר ווילט,
אבער נישט קיין שטערן. . .

קוקט זיי פעטער עליע אן
מיט מיטלייד און באדויער:
בלינד איז, נעבעך, זייער אויג,
טויב איז זייער אויער.

און עס טוט אים אזוי וויי:
שדים זאלן וויסן.
ס'איז באשערט אים: ער אליין
זאל דאס ליכט געניסן. . .

אין דעם קליינעם שטיבל זיינס,
זאט מיט צער און טרערן,
בויט ער זיך פאלאצן אוים
פון די שיינע שטערן — — —

פינסק, 1938.

# צו די קינדער עלנטע, גייט דער פעטער עליע...

אין בלינדע נעכט, אין פינצטערע,
אין נעכט — לבנהיק־העלע,
צו די קינדער עלנטע
גייט דער פעטער עליע,

ארומגעגארטלט מיט א שטריק,
אין האנט א וואנדער־שטעקן.
עס גייען געסלעך ארעמע
און שטיבלעך אים אנטקעגן.

קומט ער צו א שטיבל צו,
ציילט אפ דריי מאל זיבן,
עפנט זיך די טיר אליין
פארן גאסט דעם ליבן.

פעטער עליעס פנים שטראלט,
ווי מוזיק זיין קול איז,
טרייסט פאר קינדער, אלדאס גוטס
ברענגט ער פולע פאלעס. . .

---

ליבט ער זיי, די קינדערלעך,
פון בוידעם־שטוב און קעלער,
מיט הערצעלעך — פון טויעלעך
נאך לויטערער און העלער.

ער וויל די טרערן זייערע
אין דימענטן פארוואנדלען,
ברענגט ער צו די וויגעלעך
ראזשינקעס מיט מאנדלען.

און אז עס זאָלן קינדערלעך
פון הונגער מער נישט וויסן,
ברענגט ער צו די בעטלעך זיי
ברויט מיט האָניג זיסן.

און אַז עס זאָלן קינדערלעך
קיין קעלט שוין מער נישט פילן,
ברענגט ער קליידלעך, מאַנטעלעך
דאָס לייב זיי צו פאַרהילן.

און פאַר די קראַנקע קינדערלעך
די הערצלעך צו דערקוויקן
ברענגט ער קוישלעך וויינטרויבן
און אַנדערע אַנטיקן:

פּאָמעראַנצן גאָלדענע
און עפּל — טעם-גן-עדן...
און טייבעלעך און פויגל-מילך,
און וואָס אַ מויל קען ריידן.

— — — — — — — — — — — — — —

עס ברענגט זיי פעטער עליע אַלץ,
נאָר קיינמאָל אויף דער וואָר נישט.
אין חלום בלויז... ווייל גלייך, ווי זיי
פאַרמאַגט ער נעבעך גאָרנישט — — — — —

ביאַליסטאָק, 1938.

# דער שניידער און דער גביר

(פאָלקס־מעשׂה)

געהייליקט מיין פאָטער דעם קדוש

א.

אין אַ שטעטעלע אַ ווייטן
איז געשען די זאַך פאַרצייטן:
מיט אַ שניידער — טיר ביי טיר —
האָט געלעבט אַ גרויסער גביר.

האָט דער גביר געהאַט אַ מויער
מיט אַ פיין געשניצטן טויער,
און דעם שניידערס קליינער דאַך
איז געווען פון שטרוי און ככך.

האָט דער גביר געהאַט סאַלאָנען,
שיינע מעבל און וואַזאָנען,
און דער שניידער האָט געהאַט
בלויז אַ שניידערשן ווארשטאַט

אין זעקס קינדערלעך אין כאַטע.
און ווי נאָר ספּאַרדינט דער טאַטע
אויף אַ הערינג און אַ ברויט,
ווערט די כאַטע פול מיט פרייד.

און ביים רייכן — דינסטן, דינער,
יאַיכלעך גאָלדענע און הינער;
און צו יעדן מיטאָג ביר,
ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ גביר.

ב.

קומט דער פרילינג, גראָז און בלעטל
פוצן אויס אין גרין דאָס שטעטל,

און פון טייך הינטערן בריק
שמעקט מיט היי און פּאַליעסניק.

זון אויף לאָן און פעלד באַגינען,
שיט אוים פינקלענדע רובינען,
פייגל זינגען אויפן דאַך,
און עס שטויבט מיט גאָלד דער שליאַך.

שטעטלדיקע פערד און וואָגן
פרי אין שטאָט אריין זיך טראָגן,
מיט געקלאַנג און מיט געהילך
פון די קווערט און קאַנען מילך.

צו די לאַנקעס קאַנעשינע,
צו דעם גאָלדענעם באַגינען,
צו דעם טונקל-גרינעם וואַלד
זיינען פענצטער אויפגעפּראַלט.

און דער שניידער איינגעבויגן
זיצט און נייט. . . און זיינע אויגן,
ווי די קאָרן-בלימלעך בלוי,
זאַפּן איין דאָס ליכט פון טוי.

זעט ער שוועבן שמעטערלינגען,
הערט ער נאָענט פייגל זינגען,
זינגט ר׳ לייבע פריילעך מיט
און צום ריטם פון זיין ליד

לויפט די נאָדל, לויפט אַלץ גרינגער
צווישן זיינע דאַרע פינגער;
וויט זיך טראָגט דערווידערקלאַנג
פון זיין האַרציקן געזאַנג.

און זיין ליד און זיין געזאנג איז
פול מיט ווייכן רויש פון זאנגען,
מיט דער גרויסער פרייד פון לעבן,
פרייד פון שאפן און פון געבן,



איז אים גוט אזוי צו נייען
און צו זינגען, און זיך פרייען
מיטן וואלד און מיטן פעלד,
מיט דער שיינקייט פון דער וועלט.

* * *

זאלן נאר די פינגער דינען,
זאל זיך ארבעט נאר געפינען
און געזונט זאל זיין די שער
דארף א שניידער עפעס מער?

זיצט ער גאנצע טעג געבויגן
מיט צעזונגען־בלויע אויגן,
און די ארבעט זיינע שמט
אין דער היים און אין דער פרעמד.

ג.

שטייט א זומער גאר א הייסער.
ס׳פירט דער גביר מסחרים גרויסע.
און די שפע שפארט אין טיר
פון ר׳ גאדל דעם גביר.

האלט גוראלניעס אין ארענדע,
גיט הלוואות, אויף פראצענטער.
וואלד — איז וואלד, ווייץ — איז ווייץ,
מילך א טייך און האניק פלייצט.

שאפעס קליידער, גאלד און קרעלן —
וואס זשע וואלט דעם עושר פעלן,
ווען דער שניידער מיט זיין ליד
זאל זיין קאפ נישט מאכן מיד?

דושנע נעכט, די פענצטער אָפן,
ליגט דער גביר און קאָן נישט שלאָפן.
ווייל דער שניידער נייט און זינגט,
ארבעט האָט ער היינט פאר פינף.

סאַראַ כישוף אין די לידער!
גייט דער נגיד אום אַ מידער.
„לייבע, וויפל איז דער שיר?" —
פרעגט מיט צאָרן דער גביר.

ענטפערט לייבע אים: ר' גאָדל
אָן אַ ניגון שטרייקט די נאָדל,
די מאַשין אויך, אויף מיין וואָרט,
וויל נישט רירן זיך פון אָרט".

איז זיך גוט אַ קבצן לאַכן
און קיין אויג קען נישט פאַרמאַכן
טאָג און נאַכט אונדזער גביר,
ווייל דורך טויער און דורך טיר

דרינגט אריין צו אים דער ניגון
דורך די דילן, דורך די שטיגן,
דורך די פענצטער, וואָס פארמאכט,
דורך די לאָדן, וואָס פארשפארט,

שפּאַרט אדורך זיך אלע שפּאַלטן,
נישטאָ אווו זיך צו באַהאַלטן.
ליגט דער נגיד און ער שעלט
לייבען... און די גאנצע וועלט.

קען דער נגיד נישט באַקלערן,
ווי פון זינגער פּטור ווערן.
ביזקל איינמאָל אין אַ נאַכט
האָט ער ענדלעך זיך דערטראַכט:

ער דעם קבצן וועט דערפרייען —
נאַ דיר געלט און הער אויף נייען,
נאַ דיר געלט און עס און שלאָף
און צום זינגען מאַך אַ סוף!

וויל דאָס לייבע גאָרנישט הערן.
גאָר זיין ווייב זי רעדט מיט טרערן:
„לייבע, זאָגט זי, טראַכט נישט לאַנג,
ס'איז פון הימל אַ געשאַנק!

זעסט דאָך, אַז ס'איז גאָט אַ פאָטער,
זיך אויף אונדז דערבאַרעמט האָט ער,
ס'איז מסתם אונדז אויך שוין צייט
ווערן מענטשן גלייך מיט לייט!"

טראַכט זיך לייבע: אפשר טאַקע?
אויב אַ נגיד אַ סאָבאַקע
גיט אים געלט, פאַרוואָס זשע ניט?
כ'בין שוין טאַקע אַלט און מיד!

צייט שוין אָפּרוען אַ ביסל,
עסן פלייש אַ פולע שיסל!
וויפל טאַקע איז דער שיעור?
לאָמיר ווערן אַ גביר!

אָפּגעציילט די מזומנים —
אויפגעשטראַלט האָט לייבעס פנים.
אַזאַ אוצר, קיין בייז אויג,
ווייסט ער גאָרנישט וווּ מען לייגט.

ס'אַראַ טייערע המצאה,
טראַכט דער נגיד. . . און הנאה
האָט ער שטאַרק פון זיין פאַרטראַכט —
ענדלעך אים דאָס מויל פאַרמאַכט!

אויפגעריכט אצינד געוואָרן
איז פאַר אַלע זיינע יאָרן
אונדזער שניידער, אונדזער העלד,
און זיין אַלטע שטראַלט און קוועלט.

אויפן בוידעם וויט פאַרשליידערט
זיין מאַשין האָט אונדזער שניידער
און פאַרגעסן אויך זיין ליד.
איצט, אַן אויפגעריכטער ייד,

לעבט ער רויק, מהיכא-תיתא;
עסט און טרינקט און מאַכט אַ כוסה,
גייט בייטאָג זיך אויף שפּאַציר,
ווי אַן אמתער גביר.

סאיז דאָס קליינוואַרג שוין צעלאָזן,
און די גרויסע פון זיך בלאָזן,
שווער זיין שטיבל צו דערקענען,
כהאָט שוין גאָר אַן אַנדער פּנים.

יאָ, דעם שניידערס שטיבל פינקלט,
לויכט און שטראַלט אין יעדן ווינקל,
דאָך, — אַן אומעט הערשט אין אים,
ס׳פעלט דעם שניידערס זיסע שטים.

ניין, עס זינגט נישט מער דער שניידער,
און וואָס ווייטער, שטאַרקער ליידט ער,
אי ביינאַכט און אי בייטאָג
אין זיין האַרץ אַן אומעט נאָגט.

אויסגערוט זיך, ווי געהעריק
איז דאָס ליידיק-גיין אים שווער איצט,
און ער שעמט זיך פאַר דער גאַס
מיט זיין אומגיין פּוסט און פּאַסט.

ווייסט נישט לייבע, וואָס צו טאָן מער,
עס איזליידיק זיין נשמה,
און זיין מאָגן, וואָס איז פול,
מאַכט זיין האַרץ און מוח דול.

בענקט דער שניידער נאָך דעם ניגון,
וואָס אין האַרצן איז אַנטשוויגן,
אָן דער נאָדל, אָן דער שער
איז צו לעבן זייער שווער.

דריקט זיין האַרץ אַ מרה־שחורה,
זעט די אַלטע און האָט מורא:
אָן דער אַרבעט, אָן געזאַנג
קען ער ווערן ערנסט קראַנק.

קוקט די אַלטע אויף זיין פנים,
ס׳איז אים גאָרנישט צו דערקאָנען,
כאָטש ער זאָגט נישט, כאָטש ער שווייגט
ווי אַ פויגל אין אַ שטייג.

פילט זי גוט זיין האַרץ אצינדער —
ס׳קאָן דערקענען דאָס אַ בלינדער —
און זי זאָגט אים שטיל און קלוג:
לייבעניו, זאָל זיין גענוג!

קער די „מאַטניאַ" אום דעם שכן,
לאָמיר ווידער „קרופניק" קאָכן,
לאָמיר לעבן, ווי אַמאָל
הערן כ׳זאָל דיין זיסן קול!

הערט אוים לייבע: זייער ריכטיק!
ס׳ווערט אים פאַר די אויגן ליכטיק,
ליכטיק, העל, ווי פון דער זון —
ס׳טראַכט שוין לייבע לאַנג דערפון.

און אין איינעם אַ באַגינען,
שטעטל האָט געמיינט: פון זינען
איז דער שניידערוק אַראָפּ,
אַלץ, דאָס גאַנצע גוטס און האָב,

וואָס ער'ט אומגעריכט באַקומען,
האָט ער שליידערן גענומען
דורך די פענצטער, דורך דער טיר
צו דער שוועל פון דעם גביר.

צירונג, געלט און שיינע זאַכן:
— וועסט מיט לייבען גאָרנישט מאַכן!
כ'וויל נאָך לעבן אויף דער וועלט!
כ'שפּיי אויף דיר און אויף דיין געלט.

---

ווידער אין זיין אַלטן הולך
זיצט דער שניידער, אָבער פריילעך
ביי דער אַרבעט קלינגט זיין ליד
און קיין מידקייט פילט ער נים.

און די פייגל הערן ווידער
לייבעס זיסע, שיינע לידער,
און אויף פעלדער פריש צעגרינט,
זינגט זיי נאָך דער יונגער ווינט.

# טראָגן שנייעלעך ליכט...

1.

שנייעלעך ליכטיקע, זילבערנע פּלאַטערלעך,
האָבן געבעטן פון דער נידער געהערט:
יום־טוב זאָל אויפגיין אין זומפּיקע געסעלעך,
ליכטיק זאָל ווערן אויף האַרבסטיקער ערד.

פּלאַטערן שטערנדלעך,
דימענטן־שנייעלעך,
דרייען זיך, צאַפּלען
אין האַרבסטיקן רוים,
זילבערדיק־קלאָרע,
ווי קינדערשע הערצעלעך,
לויטערדיק־העלע,
ווי קינדערשער טרוים.

2.

טראָגן שנייעלעך ליכט,
טראָגן שנייעלעך שיין,
פאַלט אַ שנייעלע שטיל
אין אַ קוימען אַריין.

שטאַרבט אַ שנייעלע ווו
אויף אַ טונקעלער שויב,
גייט אַ שנייעלע אוים
אויף אַ דאַך, ווי אַ טויב.

קומען שנייעלעך נאָך,
אַזוי פריש, אַזוי העל,
ביז מיט ליכטיקער פרייד
הויבט אָן שיינען די וועלט.

# מיין קעצל

איך האָב אַ גרויעס קעצעלע,
אַ קעצל קליין און שיין,
מיט לאַפּקעלעך פיר ווייסינקע,
מיט אייגלעך — מלא־חן.
אויף וועלכער שפּראַך איך רייד צו דעם,
אויף אַלע עס פאַרשטייט.
קיין פּראָסטע זאַכן וויל עס נישט,
עס עסט נאָר ווייסן ברויט.

און ווען איך קום פון גאַס אַ היים
אין אָוונט — מיד און מאַט —
און ווען איך לייג זיך אָפּרוען
און נעם אין האַנט אַ בלאַט,
איז באַלד לעם מיר דאָס קעצעלע,
אַ קעצל אַ בר־דעת.
און וויל איך הויך נישט לייענען,
דאַן ווערט עס שטאַרק אין כעס.

עס כאַפּט מיט ביידע לאַפּקעלעך
די צייטונג און עס האַלט,
עס קוקט אויף יעדן זייטל דאָרט,
עס קוקט אויף יעדן שפּאַלט,
און ווען איך לייג די בלאַט אַוועק,
דאַן לייענט עס אַליין.
און וואָס מיט קאָפּ באַנעמט עס נישט,
צעקייט עס מיט די ציין.

# באַרעלעך ווילן נישט פאַלן...

באַרעלעך ווילן נישט פאַלן,
ס'ווילן קיין ווינטן נישט בלאָזן,
קאָן מען נישט באַרעלעך קלייבן
אין זוניקע, זאַפטיקע גראָזן.

און באַרעלעך לאַכן אויף צווייגן
מיט רויטלעכן גאָלד פון מאַראַנצן,
לאַכן... און ווילן נישט פאַלן,
און אייגעלעך דורשטיקע גלאַנצן.

קליין זיינען קינדער... און ביימער
זיך שפּרייטן אין זוניקע הייכן.
ווילן נישט באַרעלעך פאַלן,
קען זיי דאָס אויג בלויז דערגרייכן.

באַרעלעך ווילן נישט פאַלן.
באַרעלעך מוז מען דערלאַנגען!
האָלץ לאָמיר, קינדערלעך, קריגן,
טשוועקעס און האַמערס און צוואַנגען.

שטאַפּל נאָך שטאַפּל, — אַ לייטער
וועלן מיר בויען און שטעלן,
וועלן מיר באַרעלעך רייסן,
וויפל אונדז וועט דאָן געפעלן!

וועלן מיר באַרעלעך טרייסלען
מיט שמחה אין זאַפטיקע גראָזן,
וועלן מיר באַרעלעך עסן
און אויכעט פאַר אַנדערע לאָזן!

פינסק, 1938.

# דער פעטער שלום

— טאַטע, זאָג, וואָס האָט פּאַסירט
מיטן פעטער שלום,
וואָס עס ווילן ראַטעווען
אַלע מיטאַמאָל אים?

האָט ער וועמען שלעכטס געטאָן,
עמעצן באַליידיקט,
וואָס עס דראָט אים אַ געפאַר,
וואָס איז הילף אים נייטיק?!

איז עס טאַקע, טאַטע, ער,
שלום, אונדזער פעטער,
וועלכער נייטיקט זיך אַצינד
אין אַזויפיל רעטער?!

סאיז קיין פעטער, טייער קינד,
ס'איז אַ טרייער פאָטער!
ער פאַרמאָגט מיליאָנען פריינד,
נאָר אויך שונאים האָט ער.

— אים פאַרצוקן ווילן וועלף
שאַרפע ציינער קריצן.
גייען מיר, אַ גאַנצע וועלט,
אונדזער פריינד באַשיצן.

ס'ברענגט זיין אָטעם ברכה, פרייד
אויפן פעלד דעם פויער,
ציגל זינגען אויס אַ ליד
אין די הענט פון בויער.

העלער שיינט אין זון דער צווײַט,
פריילעך פאַלן רעגנס,
גוטע בשורות, ליכטיקע
ברענגען אַלע וועגן.

באַנען יאָגן מיט געזאַנג:
רויק שיפֿן גייען.
זאָרגלאָז וואַקסן קינדערלעך,
מיט דער וועלט זיך פֿרייען.

נישט קיין שפּאַרבערס דעקן צו
אונדזער הימל קלאָרן —
שמעטערלינגען פלאַטערן
איבער גאָלד און קאָרן.

ווייסע פליגל, טייער קינד,
היטן אָפּ דיין חלום.
שלום — אונדזער לעבן איז,
אונדזער גליק איז— שלום!

לאָדזש, 1950

# איך וויל אויך אַ העלד זיין, טאַטע!

— טאַטע, זע, איך קאָן שוין שיסן, —
זאָגט מיין זונעלע צו מיר:
קויף מיר אָרדענס און מעדאַלן,
וועל איך זיין אַ קאָמאַנדיר.

— אָרדענס און מעדאַלן קויפן?
ס'איז נישטאָ אַזאַ געוועלב.
אָרדענס מוז מען זיך פאַרדינען,
אָרדענס קריגט — אַ גרויסער העלד!

— וויל איך אויך אַ העלד זיין, טאַטע,
כ'וועל זיך לאָזן — איינס און צוויי —
צו דעם מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי:
— נעם מיך צו אין דער אַרמיי!

— ס'וועט אַ שמייכל טאָן דער מאַרשאַל:
„ביסט נאָך, זונעלע, צו קליין,
ווען דו וועסט אַ גרויסער ווערן,
דעמאָלט קום צו מיר צו גיין"!

לאָדזש, 1590.

# קינדער פלאַסטערן אַ וועג

נישט קיין טאַנץ ביי פּלייט און פידלען —
אַ געזאַנג איז היינט פון רידלען,
אַ געזאַנג פון אינדערפרי,
ס'איז אַ יום־טוב היינט פון מי.

ס'פּאַלט אַ שניי אויף האָר און ברעמען.
קינדער מישן ליים און צעמענט,
ברעכן ציגל, האַקן שטיין.
בעקלעך פלאַמען מלא־חן.

וואָס זשע איז היינט די גדולה
אויפן הויף פון אונדזער שולע? —
קינדער פלאַסטערן אַ וועג,
צו די יום־טובדיקע טעג.

צום אָקטאָבער אַ פאַרפליכטונג!
איז די אַרבעט גרויס און וויכטיק.
פלייסט זיך יעדער און ער זעט —
זיין דער ערשטער אין געוועט.

ביז פאַרנאַכט מוז ווערן פאַרטיק.
וואַקסט דער צעמענט־וועג גרויסאַרטיק.
טאַטעס קוועלן אָן פאַר גליק:
— חברה אַרבעט — אָן אַנטיק!

און צו פרילינג דאָרט פאַרזייען
וועט מען בלומען שיינע רייען,
קוסטעס בלומען אַלערליי —
רויט און ראָז און וויים, ווי שניי.

דאָרט, וווּ ס'איז אַ זומפּ געשטאַנען,
בעז וועט בליען און קאַשטאַנען.
קינדער, גרינס און זונענשיין,
קען דען עפּעס שענער זיין?

איז אַ שמחה, אַ גדולה
אויפן הויף פון אונדזער שולע —
קינדער פלאַסטערן אַ וועג
צו די שיינע צוקונפט־טעג.

לאָדזש, 1950

# שניי

ווייסע פלאַטערלעך אַן צאָל —
בלאַנק פון זילבער און קרישטאָל.

שוין פאַרשנייט פון שטאָל דער דאַך
און אין הויף — אָהאָ ס'אַ סך!

שנייט עס אונטן, שנייט עס אויבן,
אַז עס לאָזט זיך גאַרנישט גלויבן.

אַז וווּ נעמט זיך אַזויפיל?
ס'איז אין דרויסן שאַ און שטיל.

גייען מענטשן, און מען הערט נישט,
בלייבט אַ צייכן, און ער ווערט נישט,

אַז ווי קאָנען בלייבן טריט,
ווען דער שניי נאָך פאַלט און שיט.

און דער פראָסט — ער גליט און ברענט.
פרירן באַקן, נעז און הענט.

נאָר, ווער קוקט? — מ׳קלעפּט שוין קוילן
(ביטער, שלעכט איז נאָר דעם פוילן).

וואַרפט מען זיך מיט שניי געשווינד.
ווער מיר פראָסט און וואָס מיר ווינט?

פלוצעם, ווי אויף אַ באַפעל.
גיבן יאַטן זיך אַ שטעל.

און מען נעמט זיך איינס און צוויי,
אויסקלעפּן אַ מענטש פון שניי.

נישט קיין מענטש... ס׳איז האַרי טרומאַן,
גלייך פון „ווייסן הויז" געקומען,

מיט דער שפּיצידיקער גאָמבע,
אָנגעשפּאַרט זיך אויף אַ באָמבע.

שטייט ער, וואָרנט בייז די קינדער,
דער מלחמה־אונטערצינדער...

נאָר עס האָרכן אים די יאַטן,
ווי דעם שניי פון פאַראיאָרן...

און ס׳פּלאַצט דער פּרעזידענט פון צאָרן.

לאָדזש 1950

# טראַסע ווו - זעט

מיין זונעלע שלאָפט נישט,
עס טראָגט אים פון בעט —
ער בויט אויפן הויפל
א „טראַסע ווו—זעט".

ער האָט נישט קיין צעמענט,
ער האָט נישט קיין שטאָל,
דאָך בויט ער אַ טראַסע
פון אַלץ מיטאַמאָל.

אַליין איז ער — בויער,
אַליין — אינזשיניער.
ווער ס'וויל נאָר אַ קוק טאָן,
זאָל קומער אַהער!

אָט דאָ איז די ווייסל,
אָט דאָ איז די בריק,
אָט דאָ וועלן טרעפּ גיין
אַהין און צוריק;

עלעקטרישע צוגן
אין טיפן טונעל.
די טראַסע מיט ליכט
וועט באַגאָסן זיין העל.

מיין זונעלע האַוועט
פון פריען באַגין —
די טראַסע מוז פאַרטיק זיין
פאַרן טערמין...

# ליד וועגן אַ זשוק

געכאַפּט האָבן קינדער אַ זשוק אינעם וואַלד,
וואָס האָט זיך געשפּילט מיט אַ זוניקן שטראַל.

געקלערט האָט מען גערבן נישט מער, ווי אַ קוק,
באַטראַכטן אַ ביסל דעם איידעלן זשוק,

אַ שפּיל טאָן זיך פריינדלעך... און תיכף דערנאָך
אים אָפּלאָזן צריק אינעם זוניקן מאָך,

אין קילבלעכן גראָז, וועלכער שורשעט אין ווינט,
צוריק צו זיין היים, צו זיין ווייב, צו זיין קינד.

נאָר ס'האָט זיך די מעשה גאָר אַנדערש געמאַכט,
מע האָט אים גאַנץ פיין אין אַ שאַכטל פאַרשפּאַרט.

און ווען ס'האָט אין טוי דער באַגינען געגרויט,
דער זשוק איז אין שאַכטל געלעגן שוין טויט.

ווען ס'האָבן די קינדער פון דעם זיך דערוווּסט,
אַ ווײ האָט אַ שאַרפער פאַרקלעמט זייער ברוסט.

— וואָס האָט מען געהאַט צו דעם אָרעמען זשוק,
וואָס האָט אויף דער ערד זיך פּאַמעלעך גערוקט?

צי האָט ער דען שאָדן געבראַכט ווען אין פעלד?
צי עמעצן האָט ער דעם וועג דאָ פאַרשטעלט?

צי אָנגערירט האָט ער דאָ וועמען א האָר?
און ס'האָבן די קינדער באַדויערט ביז גאָר.

און נאָכדעם אין וואַלד אים א קבר געמאַכט.
מ'האָט אים מיט כבוד צו קבורה געבראַכט.

און ס'האָבן די קינדער געבעטן ביי אים
פאַרגעבונג און האָבן מיט טרערן אין שטים

געשוווירן: שוין קיינמאָל נישט טאָן מער קיין שלעכטס
אן אומשולדיק נפש, וואָס לעבט אויף דער ערד.

1950